

# אַרבייטער רינג
# קינדער ביבליאָטעק

## משה מענדעלסאָן

(זעקסטן סעפּטעמבער, 1729 —
פערטן יאַנואַר, 1786)

פון ש. הורוויץ (זאַלקעס)



ארויסגעגעבן פון בילדונגס דעפּאַרטמענט
אַרבייטער רינג

Vol. II. No. 1

אַרבּייטער רינג
קינדער בּיבּליאָטעק

# משה מענדעלסאָן

(זעקסטן סעפּטעמבער, 1729 — פערטן יאַנואַר, 1786)

פון ש. הורוויץ (זאַלקעם)



ארויסגעגעבן פון
בילדונגס דעפּארטמענט
ארבייטער רינג.

# דער יונגער וואַנדערער

ס'איז געווען אַ קאַלטער הארבסטיקער טאָג.

אַ בלייך שוואַך אינגל מיט אַ פּעקל אויף די פּלייצעס איז צוגעקומען צום ראַזענטאַלער טויער פון בערלין, דעם איינציקן טויער דורך וועלכן ס'פלעגט דעמאָלט אַריינלאָזן אידן אין דער פּרייסישער הויפּשטאָט.

דאָס אינגל איז געווען אָנגעטאָן אין אַלטע צעריסענע קליידער. דער גרויסער קאָפּ צווישן די אויסגעקרימטע אַקסלען, דער הויקער אויף די פּלייצעס, די שאַרפע געזיכטס-שטריכן האָבן אָפּגעשטויסן פון זיך.

דערפאַר אָבער האָבן פון זיין פּנים אַרויסגעקוקט צוויי ליכטיקע שווארצע קלוגע אויגן. און דער וואָס האָט אַריינגעקוקט אין זיי האָט שוין ניט געקאָנט אָפּרייסן זיין בליק פון זיי.

ביים טויער איז געשטאַנען אַ אידישער וועכטער, וואָס פלעגט פאַרשרייבן די אידישע איינוואַנדערער און אויפּמאַנען ביי זיי דעם קאָפּ-שטייער פאַר'ן פּרייסישן קעניג.

— ווער ביסטו? — האָט געפרעגט דער וועכטער, באַטראַכטנדיק דעם קליינעם הויקער.

— משה, מנחם-מענדלס זון פון דעסאַאו.

— וואָס טוט דיין פאָטער?

— מיין פאָטער איז אַ סופר און אַ מלמד, — האָט דאָס אינגל געענטפערט מיט אַ ציטעריקער שטימע.

— וואָס זשע וועסטו טאָן אין דער הויפּטשטאָט ? — האָט ווייטער געפרעגט דער וועכטער.

— לערנען, — האָט שטיל געזאָגט דאָס אינגל, און האָט מיט זיינע קלוגע אויגן אַ קוק געטאָן אויפ׳ן וועכטער.

— וואו וועסטו לערנען, ביי וועמען ? — האָט פאַר־וואונדערט געפרעגט דער וועכטער.

— ביי רבי דוד פרענקל, ער איז געווען מיין רבי אין דעסאַו, און האָט מיר צוגעזאָגט נעמען צו זיך.

דער וועכטער האָט רחמנות געהאַט אויפ׳ן קליינעם עלנדן קינד.

— ווער וועט דיך אויסהאַלטן אין בערלין, האָסטו עפּעס ביי זיך געלט ?

דער קליינער משה האָט אַנגעטאַפּט דעם איינציקן האַרטן דוקאַט, וואָס איז געווען פאַרנייט אין זיין וועש, און האָט געשוויגן.

ענדלאַך האָט דער וועכטער אים דורכגעלאָזן דורכ׳ן טויער.

מוטיק שפּאַנט דאָס קליין הויקערל איבער די בערלינער גאַסן, שטעלט זיך אָפּ פון צייט צו צייט און פרעגט, וואו די אידישע קהלה־הויז איז.

אָט איז ער צוגעקומען צום הויז. פון דערווייטנס טראָגן זיך די שטימען פון די ישיבה בחורים, וואָס לערנען אויפ׳ן קול גמרא.

מיט אַ ציטעריקער האַנט האָט ער אָן עפן געטאָן די טיר. די ישיבה בחורים קוקן פאַרוואונדערט אויפ׳ן קליינעם אינגל.

דער ראש הישיבה, רב דוד, האָט זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט, קוקט פאַרוואונדערט... ער האָט דערקענט דעם אמאָ־ליקן תלמיד זיינעם...

— משה! דו!

— רבי!

— מיר וועלן היינט פריער פאַרענדיקן אונזער שיעור, — האָט דער ראש ישיבה געזאָגט, און איז אַוועק מיט׳ן קליינעם משה׳ן אהיים.

## משה מענדעלסאָן אין בערלין

דער גוטער רבי דוד פרענקל האָט נישט פאַרלאָזן דעם עלנדן תלמיד זיינעם. ער האָט אים געשאַפן אַן אָרט צום שלאָפן ביי זיינעם אַ באַקאַנטן און אויך עטלאַכע „טעג״. אויף שבתים און ימים-טובים פלעגט דער רבי אים איינלאַדן צו זיך, און אַמאָל געבן אים אַ פּאָר גראָשן פאַר איבערשרייבן זיינע פירושים.

אַזוי האָט זיך געלעבט אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט דער קליינער עלנדער משה, געלעבט ווי הונדערטער אַנדערע אָרימע בחורים, וואָס פלעגן מיט׳ן פעקל אויף די פּלייצעס וואַנדערן פון איין ישיבה אין דער צווייטער.

ביי טאָג געלערנט אין ישיבה ביים רב, דוד פרענקל, ביי־נאַכט שטילערהייט געלערנט דייטש און אַנדערע למודים.

אָפט פלעגט ער אויף זיין הארטן געלעגער אין ענגן דאַך־שטוב נישט קאָנען איינשלאָפן.

בילדער פון זיינע יונגע קינדער־יאָרן פלעגן שוועבן פאַר זיינע אויגן.

אָט זעט ער דאָס קליין אָרים הייזל, אויף דער שפּיטאָל גאַס אין דעסאַאו, דעם טאַטן מיט דער געגזענער פעדער אין האַנט איבער דער ספר־תורה, די גוטע פרומע מאַמע זיינע, די חברים מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געלערנט אין חדר.

ער דערמאָנט זיך, ווי דער טאַטע פלעגט אים, דעם

קרענקלאַכן אינגל, טראָגן אויף די הענט אין חדר צו רבי דוד'ן, כדי ער זאָל, חלילה, ניט פאַרפעלן אַ טאָג.

ער געדענקט דעם טאָג, ווען ער איז געוואָרן בר־מצוה, די זאָרגן פון זיינע עלטערן וועגן זיין צוקונפט. זיי האָבן געהאָפט, אז זייער זון, וואס האָט אזוי פיל חשק צום לערנען, וועט ווערן אַ רב.

אָבער פון וואנען נעמט מען מיטלען דערצו? זיי זיינען דאָך אזוי אָרים. די גוטע מאַמע זיינע האָט מורא געהאַט צו לאָזן איר שוואכן קרענקלאַכן משה'לע זיך וואַלגערן אין דער פרעמד אין אַ ישיבה. און דער גוטער רב דוד, וואָס האָט אים אזוי ליב געהאַט, איז אַוועקגעפאָרן קיין בערלין, און מ'הערט פון אים גאָרניט.

מיט געבראָכענע הערצער האָבן די אָרימע עלטערן אים שוין געוואָלט פאַרזאָרגן מיט אַ פעקל צו פעדלען איבער די הייזער.

אָבער דער קליינער משה האָט זיך איינגעשפאַרט, ער וויל ניט ווערן אַ פעדלער, ער וויל ווייטער לערנען. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער געבעטן זיינע עלטערן אַוועקשיקן אים קיין בערלין צו זיין באַליבטן רבין.

און ענדלאַך האָבן די עלטערן נאָכגעגעבן. ער איז אין בערלין. ער פילט זיך גליקלאַך. ער פאַרגעסט אַלע זיינע ליידן און צרות, דעם הונגער און נויט.

ביים שיין פון קליינעם לעמפעלע אין ענגן דאַך־שטיבל זיצט ער ביים טיש און שלינגט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם דאָס נייע דייטשע בוך...

מיט וואָס פאַר אַ פרייד האָט ער אריינגעטראָגן אין זיין דאַך־שטוב די לאַטיינישע גראַמאַטיק און דעם אַלטן ווערטער-

בוך, וואָס ער האָט אײנגעהאַנדלט פאַר די אָפּגעשפּאָרטע פאַר גראָשן.

און מאָרגן... מאָרגן וועט ער זײן בײם טײערן גוטן פרײנט, בײ רב ישראל זאַמאָשץ.

## מענדעלסאָנס פרײנט און לערער

אין בערלין האָט זיך דעמאָלט אױפגעהאַלטן אַ פּױלישער איד, ישראל זאַמאָשץ. אַ יונגערמאַן, וואָס איז אַנטלאָפן פון די פאַרפאָלגונגען פון די רבנים אין זײן קלײן שטעטל, זאַמאָשץ, פּױלן. ער האָט דאָ געלעבט אין גרױס נױט און דחקות, אַן אָרימער מלמד.

די צװײ עלנדע מענטשן האָבן זיך שטאַרק באַפרײנדעט. ישראל זאַמאָשץ איז געוואָרן מענדעלסאָנס ערשטער לערער און הױגודײזער.

ישראל זאַמאָשץ האָט געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ. ער איז געװען אַן אױסגעצײכנטער מאַטעמאַטיקער. דער לערער האָט אָבער ניט געקאָנט קײן אַנדער שפּראַך אױסער העב־רײאיש, און דער יונגער תלמיד האָט געמוזט באַנוצן זיך מיט העברײאישע מאַטעמאַטישע לערנביכער.

בײדע פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן כמעט יעדן טאָג, פירן געשפּרעכן און דעבאַטירן איבער פאַרשײדענע פראַגן. דאָ האָט זיך מענדעלסאָן באַקאָנט מיט׳ן יונגן אידישן דאָקטאָר, קיש, וועלכער האָט אים אין פאַרלױף פון אַ האַלב יאָר געלערנט לאַטײן.

דער צװײטער, וואָס האָט געהאַט אַ גרױסן אײנפלוס אױף מענדעלסאָנס גײַסטיקע אַנטוויקלונג, איז געװען דער דאָקטאָר אהרן שלמה גומפּערץ.

גומפּערץ, אַ געבאָרענער בערלינער איד, איז געװען

שטאַרק באַפריינדעט מיט ישראל זאַמאָשץ, וואו ער פלעגט אָפט טרעפן דעם יונגן משה'ן. דער אָרימער בחור מיט די קלוגע שוואַרצע אויגן האָט געוואונען דאָס האַרץ פון אויפגעקלערטן דאָקטאָר. גומפערץ האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט'ן אויסערגעוויינלאַך פייאיקן ישיבה־בחור, איז געוואָרן זיין גייסטיקער פירער און לערער.

## צוויי פריינט

זיבן יאָר זיינען אַוועק זינט משה מענדעלסאָן האָט זיך באַזעצט אין בערלין. זיבן יאָר פון שווערער מי און גייסטיקער אָנשטרענגונג, פון נויט און הונגער.

אין יאָר 1750 איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג אין זיין לעבן. דער רייכער זיידן פאַבריקאַנט, בערנהאַרד, האָט אים איינגעלאַדן אַלס אַ לערער צו זיינע קינדער.

צו דער זעלבער צייט (1754) האָט משה מענדעלסאָן זיך באַקאַנט, דורך זיין לערער, דעם דאָקטאָר גומפערץ, מיט דעם באַרימטן דייטשישן דיכטער, אפרים לעסינג. זיי זיינען ביידע געווען אויסגעצייכנטע שאַך שפּילער און האָבן זיך שטאַרק באַפריינדעט.

לעסינג האָט דעמאָלט געלעבט אָרים, אָבער פריילאַך און לוסטיק. ער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דעם יונגנמאַן, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזוינע טיפע קענטנישן אין פילאָזאָפיע.

די נאָענטע פריינטשאַפט זייערע האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט, ווען לעסינג האָט אָנגעשריבן דאָס בוך: „די אידן”, וואו ער האָט געוואָגט אַרויסצוטרעטן אָפן קעגן דעם מענטשן־האַס און אומטאָלעראַנץ פון דער דייטשישער געזעלשאַפט קעגן די אידן.

די פריינטשאפט צווישן די צוויי אידעלע מענטשן האט זיי פאראייניקט ביז צום טויט.

באלד איז מענדעלסאן ארויס אין דער עפנטלאכקייט מיט זיין ערשט דייטשיש ווערק: „די פילאזאפישע געשפרעכן", אין וועלכן ער שילדערט די אנטוויקלונג פון דער מעטאפי־זישער פילאזאפיע, און ווארפט פאר די דייטשן זייער גלייכ־גילטיקייט צו דער דייטשישער שפראך און ליטעראטור.

מיט זיינע „פילאזאפישע געשפרעכן" האט מענדעלסאן געצויגן אויף זיך די אלגעמיינע אויפמערקזאמקייט.

אבער נאך מער איז ער בארימט געווארן, ווען ער איז מיט זיין יונגן פריינט, לעסינג, עפנטלאך ארויסגעטראטן קעגן דער בערלינער אקאדעמיע פאר איר נאכטאנצן נאך דער פראנצויזישער מאדע.

דער פרעמדער איד, וואס האט אפילו קיין רעכט ניט געהאט צו אויפהאלטן זיך אין דער הויפטשטאט, האט גע־וואגט ארויסצוטרעטן קעגן דער קעניגלאכער אקאדעמיע.

לויט לעסינגס פארשלאג האט מענדעלסאן איבערגעזעצט רוסאס בארימט ווערק: „די סיבות פון מענטשלאכער אומ־גלייכהייט", וועלכער האט געהאט אזא גרויסע ווירקונג אויפ'ן גייסטיקן לעבן פון דער פראנצויזישער געזעלשאפט.

די איבערזעצונג איז געווען אזוי מוסטערהאפט, אז רוסא אליין האט זיך אויסגעדריקט, אז ער האט נאך קיין איין בוך ניט געלייענט מיט אזא חשק.

— אין דער זעלבער צייט האט משה מענדעלסאן באקומען א נאכריכט וועגן דעם טויט פון זיין מוטער. א לענגערע צייט האט ער זיך אינגאנצן צוריקגעהאלטן פון עפנטלאכן לעבן, און האט אפילו זיך אפגעזאגט צו קומען אויף דער

ערשטער פאַרשטעלונג פון זיין פריינט לעסינגס נייער טעאַטער שטיק.

## בוכהאַלטער און פילאָזאָף

פאַר דער צייט איז אין מענדעלסאָנס לעבן פאָרגעקומען א גרויסע ענדערונג. די תלמידים זיינע זיינען אויסגעוואקסן. אלס לערער האָט ער שוין ביי בערנהארדן אין הויז ניט געהאָט וואָס צו טאָן. ער האָט זיך געמוזט זוכן אַן אַנדער באַשעפטיקונג.

באַלד האָט ער באַקומען א שטעלע פון א בוכהאַלטער אין זיידן געשעפט פון זיין פריערדיקן באַלאַבאָס, וואו ער איז געווען לערער. פון באַגינען ביז ביינאַכט פלעגט ער מוזן זיצן איבער די בוכהאַלטערישע ביכער.

די פרייע צייט זיינע האָט מענדעלסאָן אָוועקגעגעבן דער פילאָזאָפיע און שיינער ליטעראַטור. ער פלעגט שרייבן קריטישע אָפּהאַנדלונגען אין צייטונגען און זשורנאַלן, געמאַכט איבערזעצונגען פון יהודה הלוי׳ס לידער, איבערזעצט מייסטערהאַפט אייניקע קאַפּיטלען פון תהילים.

אין דער „ביבליאָטעק פון פרייער קונסט” האָט ער איינ־מאָל אָנגעשריבן א קריטיק איבער פרידריך דעם גרויסנס, (דעם דעמאָלטיקן פרייסישן קעניג) געדיכטן.

דעם זשורנאַל האָט מען גלייך צוגעמאַכט, און מענדעלסאָן האָט באַקומען אַן איינלאַדונג צו שטעלן זיך אין קעניגלאַכן פּאַלאַץ, אין פּאָטסדאַם.

מענדעלסאָן האָט מוטיק פאַרטיידיקט דאָס רעכט פון פרייער קריטיק. דער ענטפער זיינער האָט געמאַכט א שטאַרקן איינדרוק אויפ׳ן קעניג. חוץ דעם האָט דער קעניג

אליין געוואַלט מאַכן אַ שווייג וועגן דעם גאַנצן ענין. מ׳האָט מענדעלסאָנען געלאָזן צורו.

נאָר אינגאַנצן האָט מען עס ניט פאַרגעסן. ווען מענדעלסאָן האָט שפּעטער פאַרלאַנגט, אַז מ׳זאָל אים געבן דאָס רעכט פון אַ „שוץ־יודע״, דאָס הייסט, אַז ער זאָל האָבן דאָס רעכט צו וואוינען אומגעשטערט אין דער הויפּטשטאָט, האָט דער קעניג דאָס אים אָפּגעזאָגט.

ערשט שפּעטער, ווען דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיקער, מאַרקיז ד׳אַרזשאַן, אַ פריידענקער, האָט זיך דערוואוסט, אַז דער אידישער פילאָזאָף קאָן צו יעדער צייט אַרויסגעטריבן ווערן פון בערלין, האָט ער זיך איינגעשטעלט פאַר אים, און האָט אויסגעווירקט פון קעניג פאַר משה מענדעלסאָן די פּריווילעגיע פון אַ „שוץ־יודע״.

## מענדעלסאָנס פאַמיליע לעבן

אזוי האָט מענדעלסאָן דערגרייכט זיין איין און דרייסיקסטן לעבנס־יאָר.

אין יאָהר 1761 האָט ער צוליב די געשעפטן פון זיין באַלאַבאָס באַזוכט די שטאָט האַמבורג און באַקענט זיך צופעליק מיט דער יונגער פראַמעט גוגענהיים. דאָס בלויאויגיקע מיידל האָט פון ערשטן בליק געוואונען דאָס האַרץ פון פילאָזאָף.

„איך האָב אין מיין דרייסיקסטן לעבנס־יאָר באַגאַנגען די נאַרישקייט צו פאַרליבן זיך״, שרייבט ער צו לעסינגן. „איר לאַכט, אָבער ווער ווייס, וואָס עס קאָן זיך נאָך טרעפן מיט איך. דאָס מיידל איז ניט רייך, ניט איבעריק שיין, אָבער איך גלויב, אַז איך וועל זיין גליקלאַך מיט איר״.

און ער האָט קיין טעות ניט געהאַט. דאָס איז געווען

א הארציקע גוטע פרוי, וואס איז אין פארלויף פון זיין גאנצן לעבן שטארק געווען צוגעבונדן צו אים.

מ'דערציילט, אז ווען מענדעלסאן איז געקומען צום ערשטן מאל אין איר הויז, האט זי אפילו ניט געוואלט א קוק טאן אויפ'ן הויקער מיט די אויסגעקרימטע אקסלען.

צום צווייטן מאל האט ער זי געטראפן ביי דער ארבעט: זי האט עפעס געניים.

זיי האבן פריינטלאך געשמועסט, און ווען דער געשפרעך איז אריבער וועגן הייראט, האט זי אים געפרעגט, אויב עס איז ריכטיק, אז דער באשערטער ווערט באשטימט אין הימל.

— געוויס, — האט מענדעלסאן געענטפערט, — לויט דער תלמוד'ישער לעגענדע ווערט ביי דעם געבורט פון א קינד אויסגערופן אויפ'ן הימל: דער און דער זאל זיין דער באשערטער פון יענער. ווען איך בין געבארן געווארן, האט מען אויסגערופן דעם נאמען פון מיין באשערטער פרוי. מ'האט אבער גלייך געמאלדן, אז זי וועט האבן א גרויסן הויקער. א מיידל מיט א הויקער, האב איך אויסגעשריען, דאס איז דאך שרעקלאך! דאס איז דאך אן אומגליק! זאל איך שוין בעסער באקומען דעם הויקער, און זי זאל אויסוואקסן א שלאנקע און א שטארקע. מיין בקשה, ווי איר זעט, פראמעט, איז דערפילט געווארן.

די קלוגע שווארצע אויגן האבן, ענדלאך, באזיגט דאס איינפאכע הארץ פון דער גוטער און פרומער אידישער טאכטער. אין עטלאכע חדשים ארום האבן זיי חתונה געהאט.

## אויף דער גייסטיקער הויך

רואיק און גליקלאך האט דאס יונגע פאר פאלק געלעבט אין זייער קליינער דירה ביי דער זיידן־פאבריק.

דאָס פאַרהייראַטע לעבן האָט מענדעלסאָנען ניט גע־
שטערט פון זיין גייסטיקער אַרבעט.

באַזונדערס איז ער שטאַרק פאַרנומען געווען מיט אַ
ווערק אויף אַ פילאָזאָפישער טעמע. די וויסנשאַפטלאַכע
אַקאַדעמיע אין בערלין האָט באַשטימט אַ פּרייז פון פופציק
דוקאַטן פאַר דער בעסטער אַרבעט אויף דער טעמע: „צי
קאָנען די מעטאַפיזישע וואַרהייטן דערוויזן ווערן אַזוי קלאָר,
ווי די מאַטעמאַטישע".

דער פּרייז איז באַשטימט געוואָרן פאַר'ן יאָר 1763. אַ
סך דייטשישע דענקער האָבן געאַרבעט אויף דעם ווערק.
צווישן זיי אויך מענדעלסאָנס נאָענטע פריינט, פּראָפעסאָר
אַבט און דער באַרימטער דייטשישער פילאָזאָף, קאַנט.

דעם 4־טן יוני, 1763, האָט די אַקאַדעמיע אָפּגעהאַלטן
איר עפנטלאַכע זיצונג. דעם פּרייז האָט באַקומען משה
מענדעלסאָן.

דער ערפאָלג האָט גרויס געמאַכט דעם נאָמען פון משה
מענדעלסאָן, דעם אָרימען אידישן אינגל, וואָס איז מיט 20
יאָר צוריק אַן עלנדער וואַנדערער געקומען קיין בערלין.

דער באַשיידענער בוכהאַלטער האָט פאַרנומען אַ וויכ־
טיקן פּלאַץ צווישן די באַרימטע געלערנטע פון יענער צייט.

דער זיג האָט צוגעגעבן מענדעלסאָנען מוט צו פאַרענדיקן
אַ פילאָזאָפיש ווערק, אויף וועלכן ער האָט געאַרבעט אין
פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן. דאָס איז מענדעלסאָנס וויכטיקסטע
ווערק: „פעדאָן", וואָס האָט אים פאַרשאַפט דעם נאָמען
פון „סאָקראַטעס פון 18־טן יאָרהונדערט".

דער נאָמען „פעדאָן" שטאַמט פון גריכישן דענקער
פּלאַטאָ אַ ווערק וועגן סאָקראַטעסן. אין דער פאָרם פון אַ
געשפּרעך גיט פּלאַטאָ איבער די מיינונגען פון דעם גרויסן

גריכישן דענקער איבער דער אומשטערבלאכקייט פון דער נשמה.

מענדעלסאָן האָט זיך באַנוצט מיט דעם נאָמען און מיט דער פאָרם פון פלאַטאָס ווערק. ער גיט דאָ איבער זיינע טיפסטע איבערצייגונגען און גלויבן אין דער אומשטערב־לאַכקייט פון דער נשמה, פון מענטשלאכן גייסט.

דאָס ווערק איז אָנגעשריבן געוואָרן אין אזא גלענצנ־דיקער דייטשישער שפּראַך, וואָס האָט ביז אַהער ניט געהאַט זיין גלייכן. מיט דעם ווערק האָט מענדעלסאָן פאַרנומען דעם ערשטן אָרט צווישן די דייטשישע קלאַסיקער.

די גרעסטע געלערנטע און דענקער פון יענער צייט, ווי הערדער, פלאַטען און געטע האָבן באַוואונדערט דעם אידישן דענקער.

פון אַלע זייטן האָט ער באַקומען באַגריסונגען, אַלע האָבן אים געוואָלט זען, ריידן מיט אים. דאָס בוך האָט דעמאָלט געמאַכט זייער אַ גרויסן רושם און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פאַרשיידענע שפּראַכן.

## דער ויכוח מיט׳ן גלח לאַפאַלטער און מענדעלסאָנס קראַנקהייט

צווישן די, וואָס האָבן געזוכט מענדעלסאָנס באַקאַנט־שאַפט איז געווען דער גלח לאַפאַלטער. דער יונגער פרומער גלח האָט באַזוכט מענדעלסאָנען אין זיין היים. דער גייסט־רייכער אידישער פילאָזאָף האָט געמאַכט אויפ׳ן פרומען גלח זייער אַ שטאַרקן איינדרוק. לאַפאַלטער האָט מיט מענדעל־סאָנען פאַרפירט אַ געשפּרעך וועגן רעליגיע. מענדעלסאָן האָט שטענדיק אויסגעמידן צו באַרירן פּאָליטישע און רעלי־גיעזע פראַגן, און האָט די גאַנצע צייט געשוויגן.

דער גלח האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי קאָן אַזאַ געלערנטער מאַן, ווי מענדעלסאָן, בלייבן אַ איד, און ניט אָננעמען דעם קריסטלאַכן גלויבן. ער איז געווען זיכער, אַז אויב דער באַרימטער איד־ישער געלערנטער וועט זיך שמד׳ן, וועלן אַלע אידן נאָכטאָן זיין ביישפּיל. און דאָס וועט דאָך זיין אַ גרויסער פאַרדינסט פאַר דער קריסטלאַכער קירכע. ער וועט דאָך ראַטעווען אַזוי פיל זינדיקע נשמות!

דער גלח האָט באַשלאָסן דורכצופירן זיין פּלאַן. ער האָט געזוכט מיטלען, ווי אַזוי צו צווינגען מענדעלסאָנען עפנטלאַך אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג וועגן דער קריסטלאַכער רעליגיע.

צו דעם צוועק האָט לאַפאַלמער איבערגעזעצט פון פראַנצויזיש דעם פּראָפעסאָר באָנעס ווערק: „באַטראַכטונגען וועגן קריסטנטום“. אין דעם פאָרוואָרט לעגט ער פאַר מענדעלסאָנען איבערצולייענען דאָס בוך, און אויב ער געפינט די באַווייזן פאַר ריכטיק, טאָן דאָס, וואָס אַן אויפריכטיקער מאַן דאַרף טאָן, דאָס הייסט, אָננעמען דעם קריסטלאַכן גלויבן.

אויף אַזאַ אופן איז מענדעלסאָן געצוואונגען געווען אַרויסצוטרעטן אין אַן עפנטלאַכן ויכוח מיט׳ן גלח לאַפאַלטער.

מענדעלסאָנס ענטפער איז אָנגעשריבן געווען זייער רואיק און אויפריכטיק. ער שרייבט, אַז רעליגיעזע דיספּוטן ברענגען ניט קיין שום נוצן, ער שעצט יעדן אויפריכטיק גלויבנדיקן מענטשן, וואָס זוכט אין יעדער רעליגיע די אַלגעמיין מענטשלאַכע אידעאַלן. ניט דורך דיספּוטן און רעליגיעזע שטרייטונגען קאָן מען געווינען דעם צוטרוי איינער צום צווייטן, נאָר דורך אַ ווירקלאַך שיין מענטשלאַך לעבן און אויפקלערונג.

דער ויכוח מיט לאַפאַלטערן און אַנדערע גלחים, וואָס זיינען אים באַפאַלן, האָט געווירקט זייער שלעכט אויף מענדעלסאָנס שוואַכן געזונט. ער האָט גענומען ליידן פון אַ

שווערער נערוון קראנקהייט. מ'האט געמיינט, אז זיין שוואכער קערפער וועט עס ניט אויסהאלטן.

אין אנהויב האט מענדעלסאן נאך געהאלטן זיך, ניט אונטערגעגעבן זיך דער קראנקהייט. שפעטער האבן אים די דאקטוירים פארבאטן יעדע גייסטיקע ארבעט, און געראטן אים צו מאכן א לענגערע רייזע, כדי צו פארשטארקן זיינע אפגעשוואכטע נערוון.

מענדעלסאן באזוכט די שטעט ברוינשווייג און האנאווער. מיט ליבע און אכטונג האט מען אומעטום מקבל פנים געווען דעם בארימטן געלערנטן.

## מענדעלסאן ווערט א מיטגליד פון דער בערלינער אקאדעמיע

די גרעסטע אנערקענונג האט מענדעלסאן באקומען, ווען די בערלינער אקאדעמיע האט אין יאר 1771 אים אויסגעוויילט פאר א מיטגליד.

מ'האט געמיינט, אז פרידריך דער גרויסער, דער פריידענקער און פריינט פון פילאזאפן, וועט זיכער באשטעטיקן דעם באשלוס פון דער אקאדעמיע, אבער מ'האט א טעות געהאט.

ווען פרידריך האט צום ערשטן מאל דערזען דעם נאמען פון מענדעלסאנען אויף דער ליסטע, איז ער אין כעס געווארן און האט באפוילן פארצושטעלן נייע קאנדידאטן.

די אקאדעמיע האט צום צווייטן מאל ארויסגעשטעלט זיין נאמען אויף דער ליסטע, און דער קעניג האט פשוט געהייסן אויסמעקן זיין נאמען. איינער פון די אקאדעמיקער, וואס האט באזונדערס געארבעט פאר מענדעלסאנען, האט אפילו ארויסגערופן דעם קעניגס צארן קעגן זיך.

א לענגערע צייט האָט מען ניט געוואוסט די סיבה פון קעניגס האַנדלונג. פאַרשיידענע סברות זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, ביז מען איז דערגאַנגען דעם ריכטיקן אמת.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די רוסישע קייזערין, יעקאַטערינאַ די צווייטע, האָט געוואָלט, אַז מען זאָל איר אויפנעמען אַלס אַ מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע. אַזוי ווי פרידריך האָט צוליב פּאָליטישע צוועקן געוואָלט זיין פריינטלאַך מיט דער רוסישער קייזערין, האָט ער אויסגעמעקט מענדעלסאָנס נאָמען. ער האָט געגלויבט, אַז יעקאַטערינען וועט ניט אָנשטיין צו געפינען זיך מיט אַ אידן אויף איין ליסטע.

מענדעלסאָן האָט זיך ווייניק וואָס געקימערט וועגן דעם, וואָס דער קעניג האָט אים ניט געוואָלט האָבן אין „זיין" אַקאַדעמיע. ער האָט זיך נאָר געוואונדערט, וואָס די אַקאַדעמיע האָט געוואָגט אים אויסצואויילן פאַר אַ מיטגליד.

## מענדעלסאָנס רייזע איבער דייטשלאַנד

אין אַפּריל, 1773, האָט זיך מענדעלסאָנס געזונט-צושטאַנד נאָך מער פאַרערגערט. פון טאָג צו טאָג איז ער געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער.

דאָקטוירים האָבן אים געשיקט אין דעם קוראָרט פּירמאָנט. אָבער דער באַרימטער געלערנטער האָט קיין מיטלען ניט געהאַט. דער אָרימער בוכהאַלטער איז געבליבן אין בערלין, וואו ער האָט געמוזט אַרבעטן אין זיידן-פאַבריק כל זמן ער האָט זיך נאָך געקאָנט האַלטן אויף די פיס.

ערשט ווען אַ בערלינער רייכער איד, אפרים, האָט אים מיטגענומען אין קוראָרט אויף זיינע הוצאות, האָט מענדעלסאָן זיך געקאָנט דערלויבן דעם פאַרגעניגן.

פון באָרוט איז ער געפאָרן קיין דרעזדן.

דעם 16־טן אויגוסט פאַרנאַכט איז מענדעלסאָן מיט זיין פרוי און יונגן פריינט, דוד פרידלענדער, אַנגעקומען אין דער זאַקסישער הויפּשטאָט.

צומאָרגנס באַגינען איז צו מענדעלסאָנען אַנגעקומען דער קהל׳שער שמש און פאַרלאַנגט צוואַנציק גראָשן קאָפּ־שטייער. דעמאָלט האָט יעדער איד, וואָס פלעגט אַריינקומען אין אַ זאַקסישער שטאָט, אַפילו אויף איין טאָג, געמוזט באַצאָלן דעם שטייער.

מענדעלסאָן האָט מיט אַ שמייכל געזאָגט צו זיין פרוי:

— דער פּראָפעסאָר פון „פעדאָן" ווערט אין זאַקסן באַשטייערט, ווי אַ פּוילישער אָקס. דאָס איז ניט שלעכט! איצט זע איך, אַז דער פרומער־לאַפּאַלטער איז געווען מיינער אַ פריינט. ווען איך פאָלג אים און ווער אַ קריסט, וואָלט איך דאָך היינט אָפּגעשפּאָרט צוואַנציק גראָשן. הפּנים, — האָט ער שוין ערנסט געזאָגט, — אַ איד בלייבט אַ איד, צי ער איז אַ באַרימטער פילאָזאָף, צי ער האַנדלט מיט אַלטע זאַכן.

מענדעלסאָן האָט באַצאָלט די צוואַנציק גראָשן, און דער שמש איז אַוועק פאַרשרייבן די פרעמדע אידן.

צומאָרגנס האָט מענדעלסאָן באַזוכט די פירשטלאַכע ביבליאָטעק. דער ביבליאָטעקאַר האָט זייער פריינטלאַך אויפגענומען דעם באַרימטן געלערנטן, און האָט זיך נאָכגעפרעגט, ווי געפעלט אים די שטאָט דרעזדן.

— אייער שטאָט איז שיין, אייער לאַנד איז נאָך שענער, אָבער, — האָט מענדעלסאָן געשמייכלט...

— וואָס איז דען? — האָט פאַרוואונדערט געפרעגט דער ביבליאָטעקאַר.

— די זאַקסישע געזעצן האַלטן נאָך אַלץ די בערלינער אידן און פּוילישע אָקסן אויף איין שטופע, — האָט מענדעל־

סאַן געזאָגט, און האָט דערציילט די געשיכטע מיט׳ן קאָפּ־שטייער.

דער ביבליאָטעקאַר האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר מענ־דעלסאָנען, און האָט גלייך געגעבן צו וויסן וועגן דעם די העכערע באַאַמטע.

צומאָרגנס איז אַרויס אַ באַפעל: „דעם בערלינער געלערנטן פון אידישן גלויבן, משה מענדעלסאָן, זאָל מען צוריקקערן די צוואַנציק גראָשן קאָפּ־שטייער. גלייכצייטיק גיבן מיר אים צו וויסן, אַז ער און זיינע באַגלייטער קאָנען פאַרבלייבן אין דרעזדן, ווי לאַנג נאָר זיי ווילן״.

די לאַגע פון די אידן אין דייטשלאַנד, אפילו אין פּרייסן, וואו ס׳האָט געהערשט פרידריך דער גרויסער, דער פריי־דענקער, איז געווען זייער אַ שווערע.

איינגעשפּאַרט אין די ענגע געטאָס האָבן די אידן געפירט אַן עלנדן אָרימען לעבן. זיי איז פאַרבאָטן געווען צו פאַר־נעמען זיך מיט וועלכע ס׳איז נוצלאַכע אַרבעט, זיי האָבן זיך ניט געקאָנט באַוועגן פריי איבער׳ן לאַנד, געמוזט צאָלן גרויסע שטייערן. מ׳האָט זיי געדולדעט, באַשיצט, כדי אָנצופילן די קאַסע פון קעניג. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן די פּרייסישע אידן געמוזט קויפן צו דער חתונה פון זייערע קינדער פאַר דריי הונדערט טאָלער פּאָרצעלייענע כלים פון דעם קעניגס פאַבריק.

מענדעלסאָן האָט פון דעם אַלעם זייער פיל געליטן. זיין אַנטריסטונג קעגן דער אומטענטשלאַכער באַהאַנדלונג פון די אידן, קעגן דעם מענטשן־האַס, האָט ער ניט איינמאָל אויס־געדריקט אין זיינע שריפטן.

„די לאַגע פון מיינע ברידער, — האָט ער געשריבן, —

איז שטענדיק ווי אַ שווערע משא געהאַנגען אויף די פליגלען פון מיין גייסט".

ניט איינמאָל איז משה מענדעלסאָן אַליין באַליידיגט געוואָרן אויף'ן גאַס פון גראָבע יונגען.

„אין דעם „טאָלעראַנטן" לאַנד, — האָט ער געשריבן מיט אַ ווייטיק אין האַרצן, — מוז איך אַ גאַנצן טאָג זיצן פאַרשפאַרט אין זיידן־פאַבריק. איך האָב מורא אַרויסצוגיין אויף'ן גאַס. אָוונט צייט גיי איך אַרוים מיט מיין פרוי און קינדער שפאַצירן".

— פּאַפּאַ, — פרעגט דאָס אומשולדיק קינד, — וואָס שרייט עס אונז נאָך דער יונג? פאַרוואָס וואַרפן זיי אונז נאָך שטיינער? וואָס האָבן מיר זיי געטאָן?

— יאָ, ליבער פּאַפּאַ, — זאָגט מיין זון, — זיי פאַרפאָלגן אונז שטענדיק אויף די גאַסן און שרייען: יודע! יודע! איז עס דען אַ שאַנד צו זיין אַ איד?

מענדעלסאָן האָט נאָך אין זיינע יונגע יאָרן געשטרעבט צו העלפן זיינע ברידער, אַרויסרייסן זיי פון די פינסטערע געטאָס אויף דער ליכטיקער וועלט, אויפוועקן זייער מענטשלאַכע ווירדע.

נאָך אין יאָר 1750 האָט ער געגומען אַרויסגעבן אַ העברייאישע וואָכנבלאַט אונטער'ן נאָמען: „קהלת מוסר". אָבער די פרומע רבנים האָבן צונישט געמאַכט זיינע באַמיאונגען. זיי האָבן אים, דעם „אַפּיקורס", פאַריאָגט פון דער אידישער גאַס.

אָבער איצט, ווען דער אָרימער ישיבה בחור איז באַרימט געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט, האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט ערשט קאָנען ווירקן אויף זיינע ברידער, אויפקלערן זיי, דערהויבן זיי.

# משה מענדעלסאָנס „ירושלים" און אפרים לעסינגס „נתן דער חכם"

אין דעם שווערן קאַמף פאַר דער גלייכבאַרעכטיגונג פון די אידן איז מענדעלסאָן ניט געווען איינזאַם. האָט ביי האָט מיט אים האָבן מוזיק פאַרטיידיקט דאָס רעכט פון די אידן זיינע פריינט, תלמידים און פאַרערער, אידן און קריסטן.

אין דעם גרויסן ווערק, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1783 אונטער'ן נאָמען „ירושלים", אָדער וועגן „רעליגיעזער מאַכט אין אידנטום", דערקלערט מענדעלסאָן, ווי אַזוי עס קאָן פאַרווירקלאָכט ווערן די גלייכבאַרעכטיגונג פון אידן.

עס איז שוין דעמאָלט ניט געווען קיין נייעס צו פאָדערן פרייהייט פון געוויסן, די אָפּטיילונג פון דער קירכע פון שטאַט. אָבער מענדעלסאָן האָט די פראַגן געשטעלט אַזוי אָפן און קלאָר אין פאַרבינדונג מיט דער גלייכבאַרעכטיגונג פון אידן, אַז דאָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין דער וועלט.

אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער אויפקלערונג פון דער געזעלשאַפט אין דער פראַגע פון עמאַנציפּאַציע פון אידן האָט געהאַט לעסינגס דראַמע: „נתן דער חכם".

לעסינג האָט יאָרן לאַנג מוטיק געקעמפט קעגן די גלחים און אַלע אַנדערע פינסטערלינגען. די גלחים, פון זייער זייט, האָבן אים פאַרפאָלגט, מ'האָט אפילו פאַרבאָטן זיינע „פראַגמענטן", וועלכע זיינען דערשינען אין פאַרלויף פון די יאָרן 1770—1775, מ'האָט אים אריינגעלעגט אין חרם.

לעסינג האָט זיי געענטפערט מיט זיין דראַמע. דער העלד פון דער דראַמע איז אַ איד, אַ סוחר, אַ גרויסער חכם. אין דער צייט פון די קרייץ-צוגן, ווערט דערציילט, האָבן די קריסטן אויסגע'הרג'עט אין ירושלים אַלע אידן. נתן'ס פרוי און זיינע זיבן זין ווערן פאַרברענט אין פייער. דער אומ-

גליקלאכער פאטער איז מקבל באהבה די צרות. „אזוי איז מסתמא גאטס ווילן", זאגט ער.

אין דער זעלבער צייט האט א רייט-קנעכט געבראכט צופירן צו נתנ'ען א יונג קריסטלאך מיידל, אן אומגליקלאכע פארלאזענע יתומה. נתן פירט זי אוועק צו זיך אהיים, פאלט אויף די קני, דאנק און לויבט דעם אלמעכטיקן, וואס ער האט אים אנשטאט זיינע פארלארענע זין צוגעשיקט א טרייסט אין זיין לעבן. ער דערציט זי ווי אן אייגן קינד.

אלע האבן געוואוסט, אז דער פראטאטיפ פון נתן דעם חכם איז מענדעלסאן, לעסינגס פריינט.

---

אומגעהייער גרויס איז געווען מענדעלסאנס אומדירעקטע ווירקונג אויף דער גלייכבארעכטיגונג פון די פראנצויזישע אידן.

אין דער פראנצויזישער פראווינץ עלזאס-לאטרינגען זיינען געווען גרויסע אידישע קהילות. די אידן זיינען דא, מער ווי אומעטום, שטארק פארפאלגט געווארן. די עלזאסער אידן האבן זיך געווענדעט נאך הילף צו מענדעלסאנען.

מענדעלסאנס פארערער, דער פריידענקער דאם, האט זיך ליידנשאפטלאך ארייגעווארפן אין קאמף פאר די רעכט פון די אונטערדריקטע אידן. זיין בוך: „די פארבעסערונג פון דער לאגע פון די אידן" האט דורכגעבראכן די אייזערנע וואנט פון פארורטיילן, האט געעפנט דעם וועג פאר דער באפרייאונג פון די אידן אין די צייטן פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע.

מיט אכט יאר שפעטער האט די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע פראקלאמירט די גלייכבארעכטיגונג פון די אידן. מיראבא, דער בארימטער רעוואלוציאנערער פירער און

גלענצנדער רעדנער, האָט זיך באַקענט מיט מענדעלסאָנען אין בערלין. אונטער מענדעלסאָנס איינפלוס האָט מיראַבאָ אָנגעשריבן זיין בוך: „משה מענדעלסאָן און די גלייכבאַרעכטיגונג פון די אידן", וואָס האָט געהאַט זייער אַ גרויסע ווירקונג אויף דער פּאָליטישער עמאַנציפּאַציע פון די אידן אין מערב־אייראָפּע.

## מענדעלסאָן, דער פּאָטער פון דער השכלה באַוועגונג

משה מענדעלסאָן איז געווען דער פאָטער פון דער השכלה באַוועגונג צווישן די אידן.

צוזאַמען מיט דער גייסטיקער אויפלעבונג אין די מערב־אייראָפּייאישע לענדער האָט זיך גלייכצייטיק אָנגעהויבן דער קאַמף צווישן די פרומע אידישע עלטערן און זייערע קינדער, וואָס האָבן זיך געריסן פון די ענגע געטאָס צו אייראָפּייאישע בילדונג.

די דאָזיקע באַוועגונג, וואָס איז באַקאַנט אין דער אידישער געשיכטע אַלס די השכלה באַוועגונג, האָט געדויערט צענדליקער יאָרן.

משה מענדעלסאָן האָט ניט גענומען קיין דירעקטן אנטייל אין דעםליידנשאַפטלאַכן קאַמף צווישן די אַלטע און יונגע, צווישן די פּאָטערס און קינדער.

ער האָט אָבער געהאַט אַן אומגעהייער גרויסע ווירקונג אויף זיינע תלמידים און פאַרערער, וועלכע זיינען געוואָרן די פאַרקעמפער פון דער באַוועגונג.

צווישן זיינע מיטאַרבעטער און תלמידים זעען מיר די שוין אויבנדערמאַנטע הערין, פרידלענדער, דעם טיפן דענקער

שלמה מיימון, גומבערג, אייכל, דעם אויפריכטיק פרומען נפתלי וועסעלי (וויזל) און אַ סך אַנדערע.

מענדעלסאָנס דייטשע שריפטן, אפילו זיין „ירושלים", האָבן געווירקט בלויז אויף אַ קליינעם טייל אויפגעקלערטע אידן, וואָס האָבן פאַרשטאַנען דייטש און אינטערעסירט זיך מיט גייסטיקע פראַגן.

צו דער אידישער מאַסע האָט ער קיין צוטריט ניט געהאַט.

## דער „ביאור"

ערשט מיט'ן „ביאור", מיט דער איבערזעצונג פון חומש אויף דייטש, האָט משה מענדעלסאָן דערגרייכט צום פאָלק.

פון אָנפאַנג האָט מענדעלסאָן פשוט געוואָלט פאַרטייטשן דעם חומש פאַר זיינע קינדער. ער האָט מיט דעם געוואָלט פּטור ווערן פון די צענדליקע מפרשים, וואָס האָבן כסדר פאַרדרייט דעם פשט. חוץ דעם, האָט מענדעלסאָן ניט איבעריק ליב געהאַט אידיש — די שפּראַך פון די אידישע פאָלקס-מאַסן, ער האָט געוואָלט, אַז זיין זון יוסף זאָל לייענען די ביבל אין ריינעם דייטש. אַזוי האָט ער איבערגעזעצט עטלאַכע קאַפּיטלאַך.

צופעליק האָט זיך מיט דעם פאַראינטערעסירט שלמה דובנאָ, אַ פּוילישער איד, דער העברייאישער לערער פון זיינע קינדער, די איבערזעצונג איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן און ער האָט פאַרגעלעגט אָפּצודרוקן דעם ביאור, כדי די גאַנצע אידישע יוגנט זאָל זיך קאָנען באַנוצן מיט דעם.

דובנאָ האָט צוזאַמען מיט מענדעלסאָנס ברודער קאָרעגירט די איבערזעצונג. שפּעטער זיינען צו דער אַרבעט צו-

געצויגן געוואָרן אַנדערע מיטאַרבעטער, ווי דער שוין אויבנ־דערמאָנטער וויזל, אהרן יאַראָסלאַוו און הערץ גומבערג.

ווען דאָס בוך איז, ענדלאַך, אין יאָר 1783, אַרויס פון דרוק, האָט עס שטאַרק אויפגערעגט די פרומע אידישע רבנים. דער בערלינער רב, רבי יעקב הערשל, האָט געדונערט קעגן די אַפּיקורסים, וואָס ווילן אַראָפּפירן פון וועג די אידישע יוגנט. אין פּראַג, פראַנקפורט, אַלטאָנאַ און אין אַנדערע שטעט האָט מען דאָס „אפיקורס'יש" בוך אַריינגעלעגט אין חרם.

די פרומע אידן האָבן, ווי פאַר פייער, געציטערט פאַר די אַלע רעפאָרמעס, פאַר די דייטשישע שולן. מ'וויל זיי פון וועג אַראָפּפירן, מ'וויל אויס'שמד'ן זייערע קינדער...

אָבער גראָדע דער „ביאור" האָט מער, ווי אַלע אַנדערע מענדעלסאָנס ווערק, געהאַט אַן אומגעהייער גרויסע ווירקונג אויף דער אויפקלערונג פון די אידן אין דייטשלאַנד, פּוילן און ליטע.

הונדערטער ישיבה בחורים האָבן געשלונגען די איבער־זעצונג הינטער די פּלייצעס פון זייערע רביים, מיט דער הילף פון דער דייטשישער איבערזעצונג האָט מען געלערנט די דייטשישע שפּראַך, מ'האָט בגנבה גענומען לערנען העבּ־רייאיש, געשטודירט פילאָזאָפיע און אַנדערע „טריף־פּסול'ע" זאַכן.

א נייע וועלט האָט זיך געעפנט פאַר זיי, אַ ניי גייסטיק לעבן האָט זיך גענומען וועבן אויף דער אידישער גאַס.

הונדערטער ישיבה בחורים אין פּראַג, פראַנקפורט. האַמ־בורג, אין די שטעט און שטעטלאַך פון דער ווייטער פּוילן און ליטע, זיינען געוואָרן די טרייסטע פאַרקעמפער און די טרעגער פון אויפקלערונג און גייסטיקער קולטור צווישן די אידן.

# מענדעלסאָנס קינדער

משה מענדעלסאָנס הויז איז געווען דער צענטער פון גייסטיקן לעבן אין דער פּרייסישער הויפּטשטאָט.

דאָ פלעגן זיך צונויפקלייבן געלערנטע, דיכטער, פילאָ־זאָפן, אידן און קריסטן. דאָ האָט מען דעבאַטירט וועגן פילאָ־זאָפיע, קונסט און ליטעראַטור.

געוויינלאַך פלעגט מענדעלסאָן זיצן אויבנאָן, און מיט אַ ליבלאַכן שמייכל זיך צוהערן צו די היציקע דעבאַטן.

אין די זומערדיקע פרימאָרגנס פלעגט ער פירן געשפּרעכן מיט זיינע קינדער, וועלכע ער האָט שטאַרק ליב געהאַט, און באַמיט זיך צו געבן זיי אַן אַלזייטיקע און גרינטלאַכע בילדונג.

פון די מאָרגנשטונדיקע געשפּרעכן מיט די קינדער און פריינט, וואָס זיינען שפּעטער דערשינען אַלס „מאָרגנגעדאַנקען איבער גאָט און נאַטור", האָט ער געוואָלט שאַפן פאַר זיינע קינדער אַ לערן־בוך פון פילאָזאָפיע, אַזוי ווי ער האָט עס געוואָלט טאָן מיט דער איבערזעצונג פון חומש.

אָבער ווי ווייט זיינען אַוועק די קינדער פון זייער גרויסן פאָטער, וואָס האָט אַזוי היים ליב געהאַט זיין פאָלק.

דער עלטסטער זון זיינער, יוסף, איז געווען זייער אַ פּייאיקער. אין פּרייסן האָט אַ איד דעמאָלט געקאָנט ווערן „אַ דאָקטאָר, אַ סוחר, אָדער אַ בעטלער".

קיין דאָקטאָר האָט ער נים געוואָלט זיין, האָט ער, צו־זאַמען מיט זיין אינגערן ברודער, אַברהם (דער פאָטער פון דעם באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר, פעליקס מענדעלסאָן־בערטאָלדי), געגרינדעט דעם באַוואוסטן באַנק־געשעפט.

מענדעלסאָנס באַליבטער זון איז געבליבן אַ איד ביז זיין טויט. אָבער ער איז אינגאַנצן אַוועק פון דער אידישער

גאס, פאַרלאָרן יעדן אינטערעס צו זיין פאָלק, צו זיינע ליידן און פריידן.

דאָס איז געווען אין א געוויסער מאָס די ווירקונג פון זיין ערציער הערץ בומבערג, וועלכער האָט אויסגעוואָרצלט פון זיין יונגן תלמיד די אכטונג און ליבע צו זיין פאָלק.

דער צווייטער זון מענדעלסאָנס, אברהם, האָט זיין פיי-איקן זון, פעליקסן, דעם צוקונפטיקן בארימטן קאָמפּאָזיטאָר, קליינערהיים אָפּגע׳שמד׳ט.

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט מענדעלסאָנס עלטסטע טאָכטער, דער אויסערגעוויינלאך באַגאַבטער דאָראָטעא, וועלכע האָט נאָך איר פאָטערס טויט פאַרלאָזן איר מאַן, האָט התונה געהאַט מיט׳ן דייטשן דיכטער שלעגל, און האָט, ענדלאַך, אָנגענומען דעם קאַטוילישן גלויבן. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט דער אינגערער טאָכטער, מיט הענריעטן.

אזוי האָבן זיך די קינדער פון גרויסן פאָטער אינגאַנצן אָפּגעריסן פון וואָרצל, אוועק פון דער פאַרוואָרלאָזטער אי-דישער גאַס אין דער פרעמד זוכן פאַר זיך גליק, און אינהאַלט אין לעבן...

## מענדעלסאָנס תלמידים

מענדעלסאָנס תלמידים און פאַרערער, די פאָרקעמפער פון דער אידישער השכלה, האָבן אין דער אידישער אָפּגע-זונדערטקייט געזען די איינציקע סיבה פון זייער שפל׳ן מצב. זיי האָבן געהאַפט, אז אָננעמענדיק די איראָפּייאישע קולטור, די שפראַך, זיטן און מנהגים פון זייערע שכנים, וועלן זיי ווערן גלייכבארעכטיקטע מיטגליזער פון דער ארומיקער געזעלשאַפט.

דאריבער האָבן זיי זיך באַמיט, אז די אידן זאָלן וואָס

גיכער פאַרגעסן די אידישע שפּראַך, פאַרלייקענען די אַלע גייסטיקע אוצרות, וואָס זיינען אָנגעזאַמלט געוואָרן אין פאַר־לויף פון לאַנגע דורות, אָפּמעקן אַלע סימנים פון פאָלקסטימ־לאַכקייט און טראַדיציע.

אַזוי האָט מענדעלסאָנס תלמיד און נאָענטער פריינט, דער שוין דערמאָנטער דוד פרידלענדער, געטאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלאַך געווען, כדי אויסצוראָטן אידיש, פאַר׳מיאוס׳ן עס אין די אויגן פון פאָלק.

דאַריבער איז פרידלענדער געווען אַזוי שטאַרק באַ־גייסטערט פון דעם „גרויסן און קלוגן" מאָנאַרך, יאָזעף דעם צווייטן, וואָס האָט דורך זיין דעקרעט וועגן נאָרמאַלע שולן אין די עסטרייכישע מדינות איינגעפירט די דייטשישע שפּראַך.

דער זעלבער דוד פרידלענדער האָט פון גרויס באַגייס־טערונג אפילו זיך געווענדעט צום עלטסטן גלח, טילאַר, מיט אַן אָפענעם בריף, אין וועלכן ער שרייבט, אַז זיי, די דייטשישע בירגער פון אידישן גלויבן, ווילן אָננעמען דעם קריסטלאַכן גלויבן, נאָר מיט דעם תנאי, אַז מ׳זאָל מיט זיי מאַכן אַן אויס־נאָם און באַפרייען זיי פון אייניקע עיקרים פון קריסטנטום.

קיין וואונדער ניט, וואָס נאָכ׳ן טויט פון משה מענדעל־סאָן האָט זיך אָנגעהויבן די מגפה פון שמד, דאָס פאַרלייקענען פון אַלץ, וואָס באַרעכטיקט דאָס לעבן פון אַ פאָלק.

## מענדעלסאָנס טויט

עס איז געווען דער 31־טער דעצעמבער פון יאָר 1785. אַ פראָסטיקער שניי שטורם האָט געבלאָזן איבער די בער־לינער גאַסן.

מענדעלסאָן האָט זיך קוים דערשלעפּט אַהיים, אויף דער

שפּאַנדאַו־גאַס. דיקע שוויים טראָפּנס האָבן באַדעקט זײַן מאָגער געזיכט. ער האָט זיך צוריקגעקערט פון פּאָסעם ביכער־פאַרלאַג, וואו ער האָט איבערגעגעבן צום דרוק זײַן שריפט: „צו לעסינגס פריינט״, און ענטפער אויף יאַקאָבים בוך: „ווענן שפּינאָזעס לערע״.

די אָנשטרענגונג האָט שלעכט געווירקט אויף מענדעל־סאָנס שוואַכן געזונט. מענדעלסאָן איז שטאַרק קראַנק געוואָרן און האָט זיך געמוזט לייגן אין בעט. צומאָרגנס איז זײַן לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער.

דריי טעג נאָכדעם, דעם 4־טן יאַנואַר, 1786, איז יוסף גאַנץ פרי געקומען צולויפן צום דאָקטאָר הערץ אָנזאָגן, אַז זײַן פאָטער פילט זיך זייער שלעכט.

הערץ האָט געטראָפן מענדעלסאָנען ליגנדיק אויף דער סאָפע אָנטקעגן לעסינגס ביוסט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן.

— ליבער הערץ, — האָט ער געזאָגט, — איך פיל מיך זייער שלעכט, מײַן קאָפּ בוך איז אינגאַנצן אין אומאָרדנונג.

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו זעצן זיך אויף דער סאָפע, נאָר ער איז באַלד אַנידערגעפאַלן.

— עס איז שוין פאַרביי, — האָט ער שטיל אַרויסגע־שעפּטשעט, און האָט פאַרמאַכט די אויגן אויף אייביק.

# פרייז־ליסט פון דער ארב. רינג קינדער־ביבליאָטעק.

„שרה'קע", פון א. אפאטאשו, 32 זייטן — — 15 סענט
צוויי דערציילונגען פון וו. גארשין, 16 זייטן — 10 "
זשאָרעס' ביאָגראפיע, פון ש. הורוויץ, 16 זייטן, 10 "
גאריבאלדי'ס ביאָגראפיע, פון ש. הורוויץ, 16 ז., 10 "
קארל מארקס' ביאָגראפיע, פון י. ב. ביילין, 32 ז., 15 "
„פאסן־ליבט", קינדער פיעסע, פון אסתר שומיאַטשער, 48 זייטן — — — — — — — — 25 "
גריכישע חכמים, פון ה. פראנק (געבונדן) — — 15 "
נסתר'ס מעשה'לאך — — — — — — — — 10 "
פייגלען (אילוסטרירט פון ריבאק) — — — — 15 "
חיות (אילוסטרירט פון ריבאק) — — — — 15 "
מרים מרגלית'ס מעשה'לאך (אילוסטרירט), 3 ביכלאך, יעדע צו — — — — — — — — 15 "
„פאר אונזערע קינדער", פון ב. סמאליאר — — 15 "

אָרדערס פון 25 עקזעמפּלארען פון א ביכל ווינען מיט א דיסקאונט פון 20 פּראָצענט.

יעדער אָרדער מוז זיין באגלייט מיט א טשעק אָדער מאָני־אָרדער מיט סטעמפּס.

WORKMEN'S CIRCLE

175 East Broadway, New York, N. Y.

